Ĭcodאĭcб
424
(ıc)

№ 9. סעטאן.

# דאס לעבן פון די חיות

III.

## ═══ בּינגא ═══

(א געשיכטע פון א הונט)



איבערזעצט דורך ס. כאנטאר

ארויסגעגעבן לויט דעם אויפטראג פֿון דער
...אציע פֿון פּוילן, ליטע
...דער רעדאקציע
...פֿון יעקב פאט




...ק 1920.

ISBN: ISBN:0-657-14443-6
Barcode/EAN: 9780657144432

Old Call #: 3618

1139
424
1c

ערנעסט—טאמפסאן—סעטאן.

# בינגא

(אַ געשיכטע פון אַ הונט)

איבערזעצט דורך סאניע קאנטאר.



פֿארלאג
„דאס בוך"
ביאליסטאק
1920



# בּ י נ ג א.

(א געשיכטע פון א הונט)

געוועזן איז דאס אנהויב נאוועמבער 1882; אין מאניסטאבא האט זיך נאר וואס אנגעהויבן דער ווינטער מיט שטארקע פרעסט. נאכן פרישטיק בין איך געזעסן אנגעשפארט אויפן שטול און האב ־ך טרוימעריש געהוידעט, ארויסקוקנדיק פון מיין פענסטער אויף ־ער שטיק פרעריע פאראוים. דערנאך איז מיין בליק געפאלן ־יף דעם אלטן געדיכט „בינגא, דער הונט פון פראנצוויז" וואס איז געווען אנגעקלעפט אויף דער וואנט.

איך בין אבער פון דער טרוימערישער שטימונג פלוצלונג ארויס, ווען איך האב דערזען א גרויסע גרויע חיה, וואס האט זיך געטראגן איבער דער פרעריע גלייך צום שטאל. אים איז נאכגעלאפן א קליינע שווארץ־ווייסע חיה.

—„א וואלף!"—האב איך אויסגעשריען,—און ארויסלאפנדיק מיין ביקס, בין איך ארויסגעלאפן פון שטוב העלפן דעם הונט. איידער איך בין אבער צוגעלאפן צום שטאל, האבן זיך שוין די ביידע חיות פארבייגעטראגן צוריק. אפלויפנדיק נאך א פאר טריט איבערן שניי, האט זיך דער וואלף אפגעשטעלט און אויסגעדרייט צום קאמף. דער הונט פון אונזער שכן „קאללי", (א שאטלענ־

דישער שאפהונט), האט זיך אנגעהויבן צו דרייען ארום וואלף, אפוואַרטנדיק א פאסיקן מאמענט צום אנגרייפן. איך האב אויסגעשאסן פון דערווייטנס צוויי מאל; דער הונט מיטן וואלף האבן זיך ווידער א לאז געטאן אין זייער ווילדן געיעג איבער דער פרעריע. דער הונט האט באלד דעריאגט דעם וואלף, האט אים א ביס געטאן אין זייט און איז ווידער אפגעשפרונגען, פארהיטנדיק זיך מיט די שטארקע ציינער פון דער דערצארנטער חיה. נאך א קורצן קאמף האבן זיי זיך ווידער געלאזט לויפן. דאס האט זיך איבערגעחזרט כמעט יעדע הונדערט טריט. דער הונט האט זיך באמיט צו צוטרייבן דעם וואלף צו א מענשלאבער וואוינונג, און דער וואלף האט אנגעשטרייגט אלע זיינע כחות כדי צו צולויפן צו דעם ווייטן פאס פון וועלדער אויף מזרח-זייט. ענדלאך, ווען די געגנער זיינען שוין אפגעלאפן א מייל, האב איך זיי דעריאגט. דערפילנדיק א הילף, האט דער הונט זיך געווארפן אין לעצטן אנטשיידנעם קאמף.

אין א ווילע ארום האט זיך דאס קנייל פון ביידע צוזאמענגעפלאנטערטע חיות פאנאנדערגעוויקלט. איך האב דערזען דעם וואלף. אויף זיין רוקן איז געזעסן דער פארבלוטיקטער הונט און האט פעסט געהאלטן דעם גרויען פארן נאקן. איצט בין איך צוגעלאפן און פארענדיקט דעם קאמף פון די חיות מיט א געלונגענער קויל דעם וואלף אין קאפ אריין.

הערזעענדיק, אז זיין געגנער איז שוין, טויט האט דער אונערמידלאכער הונט שוין מער ניט געקוקט אויף אים. ער איז אוועק-

געלאפן צו דער פערמע, וואו ער האט ווי עס ווייזט אויס פאר-
לאזן דעם באלעבאס, דערזעענדיק דעם וואלף.



1. דער הונט מיידט אויס דעם אנגריף פון וואלף.

דאס איז טאקע געווען א שטארקער הונט. ער וואלט זיך אן מיר אויך אן עצה געגעבן מיטן וואלף. ווי איך האב זיך שוין שפּע־טער דערוואוסט, פלעגט ער אפט פטרן וועלף, הגם דער קלענ־סטער וואלף איז א סך גרעסער פון אים.

דער העלדישער מוט פון הונט האט מיך פּשוט אנטציקט.

איך האב באשלאסן אים אפצוקויפן, וויפיל ער זאל מיר נית קאסטן. ווען איך האב אבער, געוואלט מושוה ווערן האט מיר זיין באלעבאס א פרעג געטאן:

— „וואס אהט אייך, אז איר וועט קויפן זיינס א קינד?״

פרענק—אזוי איז געווען דער נאמען פון הונט,—איז נית געווען צום פארקויפן. איך האב זיך געמוזט באנוגענען בלויז מיט אן אפשטאם פון דעם באריומטן הונט. דאס איז געווען א קלייַנער קיילעכדיקער הינטעלע באדעקט מיט א שווארצן ווייכן פעל. ער האט אויסגעזען גיכער ווי א בערעלע מיט א לאנגן וויידל, איידער א הונט.

פונדעסטוועגן האט ער געהאט די זעלבע ברוינע פלעקן, ווי זיין פאטער, אויך א כאראקטעריסטישן ווייסן רונג ארום דעם מויל. די קלײנע סימנים פון ענלאכקייט צו זיין פאטער האבן מיר דערלויבט פאראויסצוזען זיינע צוקינפטיקע העלדישע מעשים.

באקומענדיק דעם הונט, האב איך אנגעהויבן צו קלערן, ווי איך זאל אים אנרופן. די פראגע האב איך שנעל געלייזט.

דער געדיכט „בינגא, דער הונט פון פראנצויז" איז געווען אזוי אייגנ פארבונדן מיט מיין באקאנטשאפט מיטן הונט, אז מיר האבן אים געגעבן מיט אלע געהעריקע צערעמאניעס דעם נאמען—בינגא.

---

### II.

דעם גאנצן ווינטער האט בינגא פארבראכט אין אונזער שייער. דארט האט ער געלעבט ווי א יונג, שטיפעריש, זאט הינ־טעלע, וואס פלעגט זיך אנעסן אן א שיעור און וואס פלעגט ווערן פון טאג צו טאג גרעסער און שווערער.

נייגעריק איז ער געווען אן א מאס. אפילו די ביטערע ערפארונג האט אים ניט אנגעלערנט צו האלטן דעם נאז ווייט פון דער מויז־פאסטקע. אלע זיינע באמיהונגען צו פארבינדן פריינטלאכע באציהונגען מיט דער קאץ האבן געהאט א פולקו מענעם דורכפאל, און האבן זיך סוף כל סוף געענדיקט מיט א באוואפנטן שטילשטאנד.

אין א קורצע צייט ארום האט בינגא, וואס האט זיך אויס־געצייכנט פון קינדווייז אן מיט דער זעלבסטשטענדיקייט פון זיין נאטור, דערפילט א נייגונג צו געבטיקן איך פערד־שטאל. פארביטן האט ער דעם שייער אויפן שטאל און האט לחלוטין אויסגעמיטן די שטוב.

באלד אין פרילינג, האב איך זיך ערנסט גענומען צו זיין דערציהונג. נאך פיל מי פון מיין זייט און פיל צרות פון זיין זייט, האט ער זיך אויסגעלערנט צו לויפן אויף מיין באפעל זוכן אונ־זער אלטע געלע קו, וואס האט זיך פריי געפאשעט אויף אן אומ־פארצוימטן פעלד. ווי נאר, ער האט דעם עסק גוט פארשטאנען, האט ער ליב באקומען זיין נייע באשעפטיגונג. קיין זאך פלעגט אים ניט פארשאפן אזוי פיל פארגעניגן, ווי דער באפעל אויסצוזוכן און א היים־טרייבן די קו. ווי א שטורם פלעגט ער זיך לאזן לויפן, בילנדיק, פון גרויס פארגעניגן און צושפרינגענדיק הויך, כדי צו באמערקן אויף דער ברייטער לאנקע זיין קרבן, עטוואס שפעטער פלעגט ער זיך אומ־קערן, אין א ווילדן גאלאפ פלעגט ער טרייבן די קו פאר זיך און ניט לאזן צו רו ביז ער פלעגט זי ניט פארשטופן אין דעם ייי־טסטן ווינקעלע פון איר שטאל. אביסל ווייניקער התמדה פון זיין זייט וואלט געוויס ניט געשאדט. פון אנהויב האבן מיר אים ניט געשטערט. די באשעפטיגונג אבער איז אים געווארן צו ליב, אן שום באפעלן פון אונזער זייט, פלעגט ער די אלטע קו פאר־טרייבן פון פעלד אין שטאל. ניט איינמאל און ניט צוויי, גאנצע צוואנציקן מאל א טאג פלעגט דער הונט אויף זיין אייגענער אחריות לויפן אויפן פעלד און א היים יאגן די אלטע קו.

ווי נאר עס פלעגט זיך אים פארבייינקען נאך א באוועגונג, אדער ווי נאר ער פלעגט געפינען א רגע פרייע צייט, איז ער שוין געוועזן אויף דער לאנקע כדי צו פארטרייבן די אלטע גע־לע קו מיט א קאוואלערישן גאלאפ אין שטאל אריין.

פון אנהויב, האבן מיר קיין שום אכט ניט געלייגט אויף

בינגאם מעשים; ווייל ער פלעגט ניט דערלאָזן דער קו צו פאר- קריכן ווייט אין פעלר. באלד אָבער האָבן מיר זיך איבערצייגט אז די קו דערעסט ניט. זי איז געוואָרן מאגער, פארלאָזן און האָט גענעבן פון טאָג צו טאָג ווינציקער מילך, אפילו אויף איר געמיט האבן בינגאם מעשים געהאט א גרויסן איינפלוס, זי איז געוואָרן נערוועז און פלעגט קוקן מיט שרעק און האס אויף דעם הונט. אינדערפרי פלעגט זי זיך אומעטיק האלטן נאָנט צום שמאל כדי אויסצומיידן בינגאם פארפאָלגונגען;

דאָס איז שוין געווען צופיל, אלע באמיהונגען אָפצושוואכן בינגאם התמדה זיינען געווען אומזיסט. ס'האָט גאָרניט געהאָלפן. מיר האבן געמוזט א סוף מאכן צו בינגאם שפיל. נאָך דעם שוין האָט ער זיך נאָך ניט אויפגעהערט צו אינטערעסירן מיט דער קו. ער פלעגט שטענדיק ליגן פארן שטאל, אין דער צייט פון מעלקען, הגם ער האָט שוין פארלארן די העזה זי ארומצויאגן.

דער זומער איז געקימען און האָט געבראכט מיט זיך דעם שרעקלאכן פלאָג — די מ א ס ק י ט ן. נאָך אומדערטרעגלאַכער פון די מאסקיטן זיינען פאר א מענשן, וואָס מעלקט אַ קו די אומאויפהערלאכע, בייזע באוועגונגען פון איר וויידל.

מיין ברודער, פרעד, וואָס האָט זיך פארנומען מיט דעם מעלקן, איז געווען אויף אַזוי פיל אומגעדולדיק, ווי ערפינדלאַך. ס'איז איים איינגעפאלן א פשוטער און געניאלער מיטל צו פאר- האלטן די באוועגונגען פון איר וויידל. ער האָט אייגפאך צוגע-

בונרן צו דעם ווײַדל אַ ציגל און האָט זיך געזעצט רואיק מעלקן די קו פאַלקאָם צופרידן פון זײַן געלונגענעם אײַנפאַל.

מיר אָבער האָבן ערווארט מיט גרויס אומצופרידן די פאַלגן דערפון. מיט אַ מאָל האָט מען דערהערט פון דעם ווײַלקן מאַסקיטן אַ פאַרשטיקטן טראַסק און אַן אויסבראָך פון ווילדע קללות, די קו האָט זיך ווי פריהער רואיק געקײַט איר שטרוי. פרעדער אָבער איז אויפגעשפרונגען אויף די פיס און האָט אַ וואָרף געטאָן אויף איר מיט אַ בײַנקל. ס'איז שוין געגוג פאַרדריסלאַך צו כאַפּן פון אַ נאַרישער קו אַ קלאַפּ אין שטערן מיט אַ ציגל, נאָך פאַרדריסלאַכער און אומערפּערגלאַבער, אָבער, איז געווען פאַר אים די פרײַד און געלעכטער פון אַלע צוזעערס.

דערהערנדיק דעם טומל, און געפינענדיק אַז ער איז דערבײַ דורכאויס נויטיק, איז בינגא אַרײַנגעשפרונגען אין שטאַל אַרײַן און איז באַפאַלן די קו פון דער צווײַטער זײַט... הען, סוף כל סוף, איז אַלץ געקומען ווידער אין אָרדנונג און אַלע האָבן זיך בארואיקט—איז די מילך שוין אויסגעגאָסן געווען, דער עמער מיטן בײַנקעלע צובראָכן, און די קו מיטן הונט גוט אָנגעקלאַפּט.

בינגא נעבאָך, האָט ניט געקענט די זאַך פאַרשטײַן. שוין פון לאַנג אָן האָט ער די קו פאַראַכטעט, איצט אָבער האָט ער אין דער גרעסטער אויפרעגונג באַשלאָסן אויסצומײַדן אפילו די טירן פון איר שטאַל, פון דעם טאָג אָן פלעגט בינגא זיך האַלטן, אויסשליסלאַך בײַ די פערד, און בײַ זײַער שטאַל. די קי פון אונזער פערמע האָבן געהערט צו מיר, און די פערד—צו מײַן ברו-

דער, ווען בינגא האט זיין ליבע און צוגעבונדנקייט צו קו אוי-בערגעטראגן אויף די פערד, האט ער, במילא, ווי אפגעזעגנט זיך פון מיר. פון אונזער אלטער פריינטשאפט איז גארנישט גע-ווארן. דאך אבער, פלעגט ער שטענדיק אין פאל פון נויט, אנ-קומען צו מיר און איך—צו אים, ביידע האבן מיר געפילט, אז אן איינגעווארצלטע און איינגעבאקענע פריינטשאפט צווישן א מענש מיט א הינט וועט זיך שווער ציען און דויערן דעם גאנצן לעבן.

נאך איינמאל איז בינגא ארויסגעטראטן ווי א פאסטוך פון דער קו. דאס איז געווען אין הארבסט, דעמזעלבן יאר, אויף דעם מארק פון טארבערי. צווישן די פארשיידענע נומערן איז אויך גע-ווען א פריז פון צוויי דאלאר פאר א גוט אויסגעדרעסירט ״קאללי״.

צוגערערט פון א פאלשן פריינט האב איך פארשריבן בינגא אויף דער ליסטע. אין דעם באשטימטן טאג, באלד אינ-דערפרי, האבן מיר ארויסגעלאזט די אלטע געלע קו אויף דער לאנקע נעבן דערפעל טארבערי. ס'איז געקומען די צייט, ווען בינ-גא האט געוואלט באווייזן זיינע זעלטענע פעאיקייטן.

איך האב אים געוויזן די קו, וואס האט זיך רואיק געפאס-שעט אויפן פעלד און האב געזאגט:—„שטעל זי צו אהער“. זעלבסטפארשטענדלאך, זיינען מיר געווען זיכער, אז ער וועט ברענ-גען די קו צו מיר—צום ארט וואו מ'האט באשטימט די פריזן.

זיִ, אָבער,—דער הונט און די קו האָבן גאָר אַנדערש פאַרשטאַ-
נען. ניט אומזיסט האָבן זיי איינגעחזרט זייערע ראָלן א גאַנצן
זומער. ווי נאָר די אלטע קו האָט דערזען דעם פאַרהאסטן הונט,
האָט זי פאַרשטאַנען, אַז איר איינציקער איסוועג איז דער שטאַל.
בינגא איז אויך זיכער געווען אז זיין אויפגאַבע איז צו פאַרשנע-
לערן דעם טעמפּ פון איר לויפן אין דער ריכטונג. זיי האָבן זיך
געלאָזט איבער דער פּרעריע, ווי א וואָלף נאָך א סאַרנע און
זיינען פאַרשוואונדן פון אונזערע אויגן. מער האָבן שוין די ריכ-
טערס ניט אָנגעזען ניט דעם הונט און ניט די קו, און דעם פּריז
האָט באַקומען דער צווייטער קאַנדידאַט, אויך אַ שאָפהונט, וואָס
איז געווען פאַרשריבן אויף דער ליסטע.

III.

ווי איך האָב שוין פריִהער דערמאָנט, איז בינגא געווען
שטאַרק צוגעבונדן צו די פערד. בייטאָג פלעגט ער זיי די גאַנצע
צייט נאָכלויפן. ביינאַכט—פלעגט ער שלאָפן ביי דעם אריינגאַנג
צום שטאַל. צוליב דעם האָט מיר דער פאָלגנדער צופאַל אויס-
געזען זייער סודותדיק.

איך בין ניט אבערגלויביש און האָב קיין מאָל, ביז דעם
טאָג ניט געגלויבט אין פאָרגעפילן. דער אומגעווייןלאַכער צו-
פאַל, וואו בינגא האָט געשפּילט די הויפּטראָלע, האָט, אָבער,
געמאַכט אויף מיר אַ שטאַרקן איינדרוק. צו יענער צייט האָב

איך געוואוינט, צוזאמען מיט מיין ברודער, אויף דער פערמע דע־
ווינטאן. אמאל איז מיין ברודער אוועקגעפארן צום
טייכל באגגי, כדי צו ברײנגען א פור היי. גאנץ באגינען איז ער
ארויסגעפארן, ווייל אהין און צוריק איז געווען א גוטער טאג
רייזע. דאמאלסט איז געשען עפעס אומפארשטענדלאכעס. בינגא
האט זיך צום ערשטן מאל אין לעבן ניט גערירט פון ארט און
איז ניט נאכגעלאפן די פערד. דער ברודער האט אים א פאר
מאל צוגערופן; ער אבער האט זיך געהאלטן פון דע ווייטנס,
קוקנדיק מיט אומרוטיקע אויגן אויף די פערד.

פלוצלונג האט ער אויפגעהויבן זיין נאז און האט אנגע־
הויבן לאנגזאם, מעלאנכאליש צו וואיען. ער האט נאכגעקוקט
דעם, וואגן איז נאך אים נאכגעגאנגען א ביסל און גלייך זיך צו־
ריק אומגעקערט מיט דעם זעלבן ביטערן וואיען. דעם גאנצן טאג
האט ער זיך געהאלטן נאנט פון שטאל. א גאנצן טאג און אן
אויפהער האט ער געזונגען אן אמתע קבורה־ליד. איך בין גע־
ווען איינער אליין און די מאדנע האלטונג פון הונט האט ארויס־
גערופן ביי מיר א שרעקלאכן פארגעפיל פון א נאנטן אומגליק.

ארום זעקס א זייגער אין דער איינגעשפארטער, אומאויפ־
הערלאכער וואיען פון בינגאן געווארן אזוי א מדערטרעגלאך, אז
איך האב א ווארף געטאן אין אים מיט וואס ס'איז מיר אונטער־
געקומען אונטערן האנט און איך האב אים פארטריבן.

די שרעקלאכע פארגעפילן האב איך אבער פארטרייבן
ניט געקענט.

צו וואס האָב איך אָפּגעלאָזן מײַן ברודער אַליין? צו וועל איך אים נאָך זען לעבעדיקערהייט? פאַרשטאַנען האָב איך, פון דער האַלטונג פון הונט, אַז עס האָט געמוזט פּאַרקומען עפּעס שרעקלאכעס.

די שעה פון צוריקקער האָט זיך דערנענטערט און דער ברודער איז געקומען מיטן וואָגן. אַ שטיין איז מיר אַראָפּגעפאַלן פון האַרצן. אויסשפּאַנענדיק די פערד האָב איך אים שוין כמעט, ווי גלײַכגילטיק אַ פרעג געטאָן:

— אַלץ איז אין אָרדנונג?

— פאַרשטייט זיך — האָט קורץ געענטפערט דער ברודער. ווער וועט שוין נאָך אזא צו אַל גלויבן אין פאַרגעפּילן?

אין אַ צייט אַרום האָב איך דאָס אַלץ דערציילט פאַר א מענשן, אַ גרויסן מומחה אין אַזעלכע געהיימניספולע ערשיינונגען; ער האָט זיך ערנסט פאַרטראַכט און האָט געפרעגט:

— אין אַ סכנה האַלט זיך ביז אַ נעבן דיר?

— שטענדיק!

— האָסטו ניט וואָס חוזק צו מאַכן, ווײַל דו ביזט געווען אין אַ גרויסער געפאַר יענעם טאָג, דער הונט איז געבליבן און האָט געראַטעוועט דײַן לעבן, הגם מיר קענען ניט וויסן פון וואָס פאַר אַ געפאַר.

## IV.

פרילינג־צײַט האָב איך זיך גענומען אויף ס'נײַ צו בינגאס דערציהונג און באלד נאָכדעם האָט ער אָנגעהויבן מיך צו לערנען.

צווישן אונזער וואוינונג און דעם דאָרף טאַרבערי, וואָס איז געלעגן ווײַטער פון אונז אויף צוויי מײַל, איז געשטאַנען אַ גרעניץ־סלופּ, וואָס האָט אָפּגעטײלט אונזערע גיטער פון דעם דאָרף. דאָס איז געווען אַ שטאַרקער דיקער האָלץ, טיף איינגעשלאָגן אין דעם שפּיץ פון בערגל. דעם סלופּ פלעגט מען שוין באַמערקן פון דערווײַטנס.

איך האָב באַמערקט, אז בינגא גייט קיינמאָל ניט פאַרביי נעבן געהיימניספולן סלופּ, ער זאָל זיך ניט אָפּשטעלן אים גוט אַרומצושמעקן. דערנאָך האָב איך זיך איבערצײַגט אז דעם גרעניץ־סלופּ פלעגן באַזוכן אלע וועלף פון דער פּרעריע און אַלע הינט. מײַנע באַאָבאַכטונגען דורך אַ דערנענטערונגס־גלאָז האָבן מיר קלאָר געמאַכט דעם ענין און האָבן מיר דערלויבט צו פאַרשטיין בינגאס פּריוואטן לעבן.

ווי ס'ווײַזט אויס איז דער סלופּ געווען, לויט אַ געמיינזאַמען אָפּמאַך, אַ סיגנאַל־צענטער פאַר אַלע מיטגלידער פון דער הינטישער און וועלפישער משפחה. דער אומגעהײַער שאַרפער חוש פלעגט זיי דערלויבן צו דערשמעקן, ווער פון זייערע ברידער

איז געווען דער לעצטער ביי דעם סלופ. ווען ס'איז אויסגעפאלן דער ערשטער שניי האב איך אנטדעקט נאך מער. דער סלופ איז געווען נאר אן איינצעלנער פינקט פון א גאנצע רייע פון סיגנאל-סטאנציעס, וואס זיינען צוווארפן איבער דער גאנצער געגנט. א סלופ, א שטיין, אן אלטער ביפלאקס-שארבן האבן געדינט פאר א סיגנאל-סטאנציע. אזא מין איינארדנונג איז געווען זייער באקוועם, כדי צו באקומען און פארשפרייטן פארשיי־דענע ידיעות.

יעדער הונט און יעדער וואלף האלט פאר זיין חוב צו באזוכן אלע סטאנציעס, וואס ליגן אויף זיין וועג, כדי געוואר צו ווערן ווער איז דא געווען פאר אים, פונקט אזוי ווי א מיט־גליד פון קלוב זעט נאך אין דעם פארשרייב-בוך די נעמען פון די באזוכערס.

למשל, ניט איינמאל פלעגט בינגא צוגיין צום סלופ, ארומקוקן און ארומשנארבן די ערד. פלוצלונג פלעגט ער אנ־הויבן צו ברומען, אויפשפיצנדיק די אויערן און פינקלענדיק מיט די אויגן. דערנאך פלעגט ער לאנגזאם אוועקגיין ארומקוקנדיק זיך יעדער ווייל און בילנדיק בייז.

מ'זאל עס איבערגעבן אין א מענשלאכער שפראך וואלט עס געקלונגען: —גר-ר-ר-ר-ר-ר! וו-אוף! דא איז ווידער געווען דער נישטיקער הונט פון מאק-קארט! איך וועל אים שוין אנ־לערנען היינט ביינאכט. וואוף, וואוף!

אַ צוווייטן מאָל האָט ער ארומגעשמעקט דעם פרישן שפור פון אַ סטעפּן־וואָלף און האָט געברומט, איך האָב עס אזוי פארשטאַנען:

—„א שפור פון אַ סטעפּן־וואָלף! ער גייט פון דרום און שמעקט מיט אַ געפּגרטער קו. ס'איז קלאָר, די אלטע בּלאט איז געפּגרט... ס'איז כּדאי געוואָר צו ווערן דאָס געגויער.

אן אנדער מאָל פלעגט ער דרייען מיט זיין וויידל און פלעגט לויפן הין און צוריק. אזוי ארום האָט ער געוואלט דייטלאַכער מאכן זיין אייגענע שפּורן פאר זיין ברודער בּיל, וואָס האָט געוואוינט אין בּראנדען. דעריבּער איז דאָס גאָר קיין צופאל געווען, ווען זיין ברודער בּיל איז אין אַ שיינעם פרימאָרגן געקומען צו בּינגא און מיט אים אוועק אין די בּערג. וואי זיי האָבּן געהאט א יום־טיבדיקע סעודה ביי דער געפּגרטער קו.

אַן אַנדער מאָל פלעגט די ידיעה פון דער סיגנאַל־סטאַנציע ארויסרופן ביי בּינגא א גרויסע אויפרעגונג און ער פלעגט לויפן צו אן אנדער סטאַנציע נאָך קלארערע ידיעות.

אמאָל פלעגט ער זיך טיף פארטראכטן, פונקט ווי ער וואָלט געוואָלט זאָגן:—„ווער האט עס דא געקענט זיין?" אָדער אדער גאר:—„איך בין כמעט ווי זיכער אז מיט דעם פארשוין האב איך זיך נאך פאראיארן באקאַנט."

אמאל פארטאג, ווען בּינגא איז צוגעגאנגען צום סלופ, האט ער גענומען ציטערן אויפן גאנצן לייב, זיינע האר האבן זיך ביי

אים קאַפּויער געשטעלט, דער ווייַדל האט זיך אראפּגעלאָזן (דער בעסטער סימן פון אינערלאַכן שרעק). מער איז ער שוין נישט נאכגעגאנגען דעם שפּור, ער איז גלייך אוועק א היים און נאך לאַנג זיינען זיינע האר אויסגעשפּיצט געווען און דער בליק האט שנאה און שרעק אויסגעדריקט.

איך האָב אויסגעפאָרשט דעם שפּור, וואָס האָט אים אָנגע-שראָקן, איך האָב זיך דערוואוסט אז זיין שטילער ציטערדיקער: „גר—ררר! וואָלף!" האָט אויף זיין לשון באַדייט: וואַלד-וואָלף!".

אָט דאָס זיינען די פּאָר לעקציעס וועלכע איך האָב באַ-נומען ביי בינגאָן. שפּעטער, ווען איך פלעג זען, ווי ער שטייט אויף פון זיין קאַלטן געלעגער, שיט אַראָפּ דעם שניי פון זיין צושויבערטן פעלצל אויסציגנדיק זיינע גלידער און ווערט פאַר-שוואונדן אין דער פינסטערניש פון דער נאכט מיט זיין גלייכן, שנעלן טריט פלעג איך טראכטן:

—אַהאַ, אַלטער כלב! איצט ווייס איך שוין, פאַרוואָס דו אַנטלויפסט און ווילסט ניט געכטיקן אין שטוב! איך פאַרשטיי אויך, פאַרוואָס זיינען דיינע נאכט-שפּאַצירן אַזוי אויסגעדעבנט און פון וואַנען דו ווייסט וואוהין צו גיין, כדי צו געפינען וואָס דו זוכסט.

———

V.

אין הארבסט 1884=טן יאָר האָבּן מיר פאַרלאָזן די פערמע דעוינטאן און בינגא האָט געמוזט איבּערטוישן זיין וואוינונג: פון מיין שטאַל האָט ער זיך איבּערגעצויגן אין דעם שטאל פון אונזער שכן גארדאָן ריטער.

שוין פון די ערשטע טעג פון זיין יוגנט האָט זיך בינגא, בפירוש, אָפּגעזאָגט צו זיין אין אַ שטוב, סיידן אין צייט פון א גרויסן שטורעם. אַ טיפער פחד פאר אַ דונער און פאַר אַ פייער-שיסגעווער איז געווען איינגעוואָרצלט אין זיין נשמה. איך בין זיכער, אַז די סבּה פון זיין שרעק האָט געשטאמט פון אַן אומאָנגענעמען צופאַל מיט אַזאַ געווער. זיין געלעגער איז געווען, אפילו אין די גרעסטע פרעסט אויסערן שטאל. אזוי ארום האָט ער געהאט די פולע פרייהייט צו גיין בּיינאכט וואוהין ער פלעגט אליין וועלן.

ער פלעגט ביינאכט שפּאצירן איבער די פעלדער, אויף גאַנצע מיילן ווייט פון אונזער הויז. דערצו האָבּן מיר געהאַט גענוג באווייזן, די פערמערס פון ווייטע גיטער האָבּן געוואָרנט גארדאנען, אַז זיי וועלן באַנוצן געווער, אויב ער וועט ניט איינהאלטן זיין הונט ביינאַכט אין שטוב. בינגאס שרעק פארן פייער-שיסגעווער האָט באוויזן, אַז דאָס זיינען ניט געווען קיין פוסטע רייד.

אַ מענש, וואָס האָט געוואוינט העט—ווייט, אין מאָל האָט דערציילט, אז געזען האָט ער אין אַ ווינטער־נאכט, ווי אַ גרויסער שווארצער וואלף האָט דערשטיקט אַ סטעפּן־וואָלף. שפּעטער האָט ער זײַן מיינונג געענדערט און האָט חושד געווען, אַז דער שוואר־צער וואלף איז רייטערס הונט.

ווי נאָר עס פלעגט ערגיין פאַלן אַ קו אָדער אַ פערד, פלעגט שוין בינגא אויף אַ מאָדנעם אופן וועגן דעם גלייך וויסן. קומענדיק אויפן אָרט פלעגט ער אפטרייבן די סטעפּן־וועלף און אָנפרעסן זיך צו זאט אָן אַ מאָס.

אָפט פלעגט די סבה פון זיינע נאכט־שפּאצירן זײַן די ליבע צו אַ שכנותדיקער צויג. איינער האָט אפילו פאַרזיכערט, אַז געטראָפן האָט ער אַ וועלפּין מיט דריי וועלפעלאַך, שוואר־צערע און גרעסערע פאַר איר, זיי האבן געהאט ווייסע רונגען אַרום מויל, הגם זיי זיינען געראָטן געווען צו זייער מוטער.

אויף וויפיל דאס איז אמת געווען, קען איך ניט זאגן. איך דערמאן זיך, אַז מיר זיינען אַמאל שפּעט אין מערץ געפאָרן אויפן שליטן איבערן פעלד. דער טרייער בינגא איז אונז נאכגעלאָפן. פלוצלונג איז פון וועלדל אַרויסגעשפּרונגען אַ וואלף. בינגא האָט אים נאכגעיאגט. מ׳האָט אבער באמערקט, אַז דער וואלף באמיט זיך אפילו ניט צו אַנטלויפן. אין אַ ווײַלע אַרום האָט אים בינגא דעריאגט, און מאדנע, קיין שום צוזאמענשטויס איז צווישן זיי ניט פאָרגעקומען.

בּינגא איז ליבלאך צוגעלאפן צום וואלף און האט אים א לעק געטאן אין מויל.



2. בּינגא און די וועלפּין.

מיר זיינען איבערראשט געווארן און אנגעהויבּן צו העצן דעם הונט אויפן וואלף, אלע אונזערע געשרייען האבּן נאר די ווירקונג געהאט אז דער וואלף איז אנטלאפן און בּינגא נאך אים. זיין מאדנע, פריינטלאכע האלטונג בּניגע דעם וואלף, האט זיך פּשיט געווארפן אין די אויגן. ענדלאך האבּ איך א געשריי געטאן, באשטראלט פון א נייעם געדאנק:

—„דאס איז דאך א וועלפּין, ער וועט איר ניט טאן קיין שום שלעכטס.״ —מיר האבּן אפגערופן דעם איינגעשפּארטן הונט און מיר זיינען אוועקגעפארן ווייטער.

פון דער צײַט אָן זײַנען מיר געװען לאַנגע װאָכן אױסגעשטעלט אױף די דרײַסטע אָנפֿאַלן פֿון דער װעלפֿין. זי האָט געשטיקט אונזערע הינער, געגנבעט שטיקער פֿלײש פֿון אונזערע שפּײַכלערס און געשראָקן אונזערע קינדער. ארײַנקוקנדיק חוצפּהדיק, אין די פֿענסטער בעת אונזער אָפּװעזנהײט. סוף כּל סוף האָט מען דערשאָסן די חיה און בינגאָס בּיטערע שנאה צו אַלײווערן, װאָס האָט באַגאַנגען דעם מאָרד, האָט גענוג באַװיזן זײַן ליבע צו דער געהרגעטער װעלפֿין.

— — —

.VI

ס'איז אַ װאונדערבּאַרע און שײנע דערשײַנונג — די פֿרײַנטשאַפֿט צװישן אַ מענטש מיט אַ הונט. בּוטלער דערצײלט פֿון אַן אַלטן אינדיאַנער־שטאָם און דעם װײַטן דרום. דער שטאָם איז אומגעקומען נאָר צוליב אַ שטרײַט, װאָס איז אַנטשטאַנען דערפֿון, װאָס אײן מיטגליד פֿון דעם שטאָם האָט דערהרגעט אַ הונט פֿון זײַן שכן. אַפֿילו צװישן אונז טרעפֿן זיך ניט אײנמאָל שטרײַטן, װאָס באַשטעטיקן דעם אַלטן שפּרוך: „האָסט מיך ליב האָב ליב מײַן הונט!" אײנער פֿון מײַנע שכנים האָט געהאַט אַ פּראַכטפֿאָלן הונט. ער האָט אים ליב געהאַט, װי אַן אױג אין קאָפּ. דער שכן איז געװען מײַן פֿרײַנט — דערפֿאַר האָב איך ליב געהאַט אױך זײַן הונט. װען אַמאָל איז דער אָרימער הונט

טאן געקומען צו זיין באַלעבאָס א צופּלוטיקקטער און איז גע־שטאָרבן בײַ זײַן שווער האָב איך געשוואָרן צוזאמען מיט מײַן פרײַנט נוקם זײַן פאַר זײַן טויט. אלע מיטלען האָב איך אָנגע־ווענדעט, כדי צו געפינען זײַן מערדער.

איך האָב פאַרגעלײַגט א גרויסע באַלוינונג און האָב גע־זוכט באַווײַזן. ענדלאַך איז קלאָר געוואָרן, אז אין דעם בלוטיקן טאַט איז פאַרמישט אײַנער פון אונזערע דרײַ שכנים. באַווײַזן האָב איך געהאַט גענוג און איך האָב זיך געגרייט אָנצוקלאָגן דעם שכן און געריכט פאַר דעם מערדערישן טאַט.

דאַמאָלסט איז עפּעס געשען, וואָס האָט אינגאנצן איבערגעטוישט מײַן מײַנונג און איך האָב אויפגעהערט צו זען אין מאָרד פון הונט אזא שרעקלאַכן פאַרברעכן.

גאָרדאָן רייטס פערמע איז געלעגן אויף דרום פון אונז. אמאָל, ווען איך בין געקומען באזוכן די פערמע, האָט דער יונ־גער גאָרדאָן, וואָס האָט געוואוסט, אז איך זוך אַרום טאַנס מערדער, מיך אָפּגערופן אָן א זײַט און אײַנגערוימט אין אויער:

—"בינגא איז טאַנס מערדער."

מיט דעם האָט זיך די זאַך געענדיקט. איך בין זיך מודה און מתודה, אז פון דער צײַט אָן האָב איך זיך באַמיט מיט אלע כחות צו פאַרדרײַבן דעם ענין.

שוין לאַנג האָב איך מײַן הונט אוועקגעשאָנקען רײַטן. אין הארצן אָבער, האָב איך געהאַט צו אים א געפיל פון א

באלעבאס. אונזער געטרײַע פרײַנטשאפט האט זיך באשײַנפערלאך
ארויסגעוויזן אין א סך פאַלן.

גארדאן מיט אַליוזערן זײַנען געווען נאָנטע פרײַנט און
שכנים. זײַ האָבן אָפּגעמאַכט צווישן זיך צו האַקן האָלץ אין
וואַלד און האָבן צוזאַמען געאַרבעט ביז שפּעט אין ווינטער. דאָ-
מאָלסט איז געפאלן אליעזערס אלטע קליאטשע. כדי אַרויסצו-
ציען פון איר טויט וואָס פאר א ס'איז נוצן פאר זיך, האָט,
אליזוער ארויסגעשלעפּט די געפגרטע קליאטשע אין פרעריע
אָנפּילנדיק איר מיט סם פאַר וועלף. אָרימער בינגא! ער האָט
זיך ניט געקענט אָפּגעוואוינען פון זײַנע וועלפישע מדות, הגם
זײַ פלעגן אים אַרײַנשלעפּן אין אמת וועלפישע צרות.

פון שטענדיק אָן איז ער, ווי אַלע פאַרשטײַערס פון דעם
ווילדן שטאַם געווען א גרויסער בעלן אויף פערדן-פלייש. גלײַך
אין דער זעלבער נאַכט האָט ער באזוכט מיטן הונט קערלי, וואָס
האָט אויך געהערט אליווערן, די געפּגרטע קליאטשע. ווי עס
ווײַזט אויס האָט בינגא אָפּגעהיט בלויז די סעודה און איז
געשטאַנען פון דערווײַטן, אין דער צײַט ווען קערלי האָט זיך
אָנגעפרעסן אַן א מאָס. די שפורן אויפן שנײַ האָבן קלאָר אי-
בערגעגעבן די גאַנצע געשיכטע פון דער סעודה—דער שרעקן
ווען דער סם האָט אָנגעהויבן צו ווירקן, דעם ווילדן אנטלויפן
פון די הינט און די צרות פון דעם אָרימען קערלי, וואָס
האָט זיך קוים דערשלעפּט א היים און איז אין קראַמפּן און אי
אין שווערע לײַדן געפאלן בײַ אליזוערס פיס.



3. בינגאָ היט אָפּ די סעודה.

—„ווילסט זײַן מײַן פרײַנט,—זײַ א פרײַנט פון מײַן הונט“.

ס׳האָבן ניט געהאָלפן קײַן שום דערקלערונגען און אנט־שולדיגונגען. אומזיסט האָט גאַרדאָן פאַרזיכערט די ריינע צו־פעליקײַט פון דער זאַך. די אַלטע שנאה צווישן בינגא און אליווערן האָט געוואָרפן א פאַרדעכטיקן שאָטן אויף די סבותי פון קערלים טויט.

דער אָפּמאַך צווישן די שכנים איז צונישט געוואָרן, די פרײַנטלאַכע באַציהונגען איבערגעריסן און עד היום דויערט צווישן זיי די הייסע שנאה, וואָס איז ארויסגערופן געוואָרן דורך קערלים נסיסה.

לאַנגע חדשים זײַנען פאַרבײַ, איידער בינגא איז צו זיך געקומען פון דער ווירקונג פון סם. א צײַט זײַנען מיר שוין זיי־כער געווען, אז קײַנמאָל וועט ער שוין ניט קומען צו זײַן גע־וועזענער קראַפט און פרײַלאַכקײַט.

ס׳איז געקומען דער פרילינג און, ווען דאָס גראָז איז אויסגעוואַקסן, איז בינגא פול מיט פרישן כח און לעבנסלוסטי־קײַט, געווען דער שטאָלץ פון זײַנע פרײַנט און דער שרעק פון זײַנע שונאים.

———

## .VII

מײַנע פּליִטן האָבן מיך אװעקגערופֿן פֿון מאַניטאָך אויף גאַנצע צװײ יאָר. װען איך בין אין 1886־טן יאָר צוריקגעקו־מען, איז בינגאַ נאָך אַלץ געװען אַ מיטגליד פֿון רייטס הויז, איך האָב געמײנט, אַז פֿאַר די צװײ יאָר האָט ער מיר שוין פֿאַרגעסן. אַ געפֿעליקער טאָג! באַלד אין אָנהויב װינטער איז ער געלם געװאָרן אויף גאַנצע צװײ מעת־לעת, דערנאָך איז ער געקומען מיט אַן אָפּגעקלעמטן פֿוס, שלעפּנדיק מיט זיך אַ װאָלפֿן־קאַפּקאַן מיט אַ הילצערנע ברעט. זײַן פֿוס איז פֿאַרשטאַרט געװען, װי אַ שטײן, ער איז געװען צורײַצט, אַז קײנער האָט ניט געװאַגט צוצוטרעטן צו אים, דאַמאָלסט בין איך, דער פֿרעמדער צײַנד, צוגעגאַנגען צו אים. איך האָב זיך אײַנגעבויגן און אָנגעאַפּט מיט אײן האַנט דעם קאַפּקאַן מיטן צװײטן דעם פֿוס װילד האָט ער זײַנע צײן אַרײַנגעלאָזן אין מײַן האַנט, ניט ריר־יק זיך פֿון אָרט, האָב איך שטיל אַ פֿרעג געטאָן:

— „בינגאַ, דערקענסט מיך ניט מער?"

זײַנע צײן האָבן נאָך ניט באַװיזן אָנצובאַפּן טיף מײַן האַנט — ־ האָט אָפּגעלאָזן מײַן האַנט און האָט מיר דערלויבט אַראָפּ־נעמען דעם קאַפּקאַן, הגם ער האָט ניט אױפֿגעהערט צו װאָיען ן צו ברומען. ניט קוקנדיק, װאָס ער איז ניט געװען בײַ מיר ן האָט מיך גאַנצע צװײ יאָר ניט געזען, האָט ער דאָך דער־נט אין מיר זײַן באַלעבאָס. און איך האָב אויך געפֿילט, אַז

ער איז מיינער, הגם די רעכט אויף אים האָב איך אָפּגעטראָטן א צווייטן.

קענן זיין חילן, האָט מען אריינגעטראָגן בינגאן אין שטוב, דאָ־ט איז זיין געפּראָרענע פיס אָפּגעגאַנגען, פונדעסטוועגן האָט ער נאָך געהונקען ביזן סוף חינטער און צוויי פינגער זיינען אים, סוף כל סוף, אָפּגעפאַלן. דאָך איז ער נאָך פאַ־ן פרילינג געווען געוואָרן און א פרעמדער חאָלט װאָלט ניט געקענט באַמערקן קיין שום צייכנס פון שטאָלענעם קאפקאן.

———

.VIII

דעם זעלבן ווינטער האָב איך געכאַפּט א סך װעלף און פוקסן. ביז שפּעט אין פרילינג האָב איך צושטעלט די קאַפּקאַנעם, ווייל דער פרייז פאַר די ווילדע חיות איז גרוים אלע מאָל, אפילו ווען זייער פוטער איז אין פרילינג ניט אזוי נעדיכט.

דער טאָל קענעדוי איז זעלטן באַקומען געזען צו פאל-גריבער. מענשן האָבן דעם מאָל כמעט, ווי ניט באַזוכט. ער איז געלעגן צווישן דאָרף און א געדיכטן וואלד. יאָ פלעגט מיר אלע מאָל געלינגען זיי צו כאַפּן. איין מאָל, כוף אַפּריל, בין איך ארויסגעפאָרן אין טאָל. די קאַפּקאַנעם ווערן געמאַכט פון שווערן שטאָל. יעדער פון זיי האָט צוויי פרוזשינקעס ביידע צו הונדערט פונט די קראַפט. צו פיר

באגראבענע קאפקאנעס שטעלט מען אוים ארום א
פנר. זיי ווערן איינגעשטמידט אין הילצערנע ברעטער.
כדי אינגאנצן זיי צו באהאלטן פון די חיות, באשיט די
מען די ברעטער מיט בלעטער און זאמד.

אין איין קאפקאן איז אריינגעפאלן א סטעפן־וואלף.
איך האב אים דערהרגעט מיט מיין שטעקן און אפגעווארפן אן
א זייט. דערנאך האב איך אויפכניי פארריכט און צוגעגרייט דעם
קאפקאן, ווי איך פלעג דאס טאן הונדערטער מאל. באמער־
קנדיק אין דערנאנט א הייפל זאמד, האב איך אריינגעשטעקט
אהין מיין האנט, כדי אביסל צו נעמען.

א סארא שלימזלדיקער איינפאל, סארא אומפארזיכטיקייט
אס איז געווען! דער זאמד האט צוגעדעקט דעם נאנטסטן
אפקאן און אין איין אויגנבליק האט ער זיך פארהאקט. פאר־
אונדערט בין איך ניט געווען, ווייל מיינע קאפקאנעס זיינען
צייגער און מיין גראבע הענטשקע האט אפגעשוואכט דעם
אפ. דער שטאלענער קאפקאן האט פעסט צוזאמענגעקוועטשט
ין האנט און האט מיך צוגעשמידט צום ארט. איך האב זיך
מיט צו זיין ווי ווייט מעגלאך קאלטבלוטיק. מיט דער רעכ־
ר האנט האב איך געפרובט זוכן דעם שליסל, פון
לטירל, וועלכן איך האב געלאזט ליגן אויף דער ערד אין
פאר טריט פון דער פאל־גרוב.

אויסציִעֶנדיִק זיִך איִן דער לעַנג, בּין איִך לאַנגזאַם גע-קראָכן צו אים מיִטן פּנים אראָפּ, שאַרנדיק מיִט דער פריַיער האַנט און אויסציִעֶנדיִק, ווי וויַיט מעֶגליך, די געֶפאַנגעֶנע האַנט.

איִן אַזאַ לאַגע האָבּ איִך ניט געֶקעֶנט גלײַכצײַטיִק אי קוקן, אי שאַרן. די גאַנצע האָפנונג האָבּ איך געֶלײַנט אויף די פיִלבּארקײַט פון מײַנע פיס-פינגער. מײַן קלײַנעם אײַזערנעֶם אויסלײַזער האָבּ איך געֶהאָפּט צו דערפיִלן מיִט די פיִס. מײַן ערשטער פרוב האָט מיִר ניט געֶלונגעֶן. וויפּיל איִך האָבּ זיך ניט געֶצויגן, האָט מײַן פוס ניִט דערשפּיִרט אונטער זיִך קײַן מעֶטאַל.

פאַמעֶלאַך האָבּ איִך זיִך געֶדרײַט אַרום מײַן געֶפאַנגעֶנער האַנט, נאָר ווידעֶר האָבּ איִך קײַן מאָל ניִט געֶהאַט. איִך האָבּ בּאַמעֶרקט, אז איך האָבּ זיִך צופיִל אָפּגעֶדרײַט אויף מערב און האָבּ אָנגעֶהויבן אויפסנײַ צו שאַרן מיִט די פיִס. אַזוי בּיִן איִך פאַרנומעֶן געֶוועֶן, אומזיִסט אַרומשאַרנדיק זיִך מיִט מײַן רעֶכטער פוס, האָבּ איך די ליִנקע גאָר ארויסגעֶלאָזן פון זינען. מיִט אַמאָל האָט זיך דער שטאָלענער קינבּאַנק פון דריִט קאַפּקאַן פאַרקלאַפּט אַרום מײַן לינקער פוס.

ניִט גלײַך האָבּ איִך פאַרשטאַנען מײַן שרעֶקלאַכעֶ לאַגעֶ. איִך האָבּ זיִך ניט געֶקעֶנט אויסלײַזן ניִט פון אײַן קאַפּקאַן און ניִט פון דעֶם צווײַטן. אַזוי בּין איִך געֶלעֶגן אויסגעֶצויגן אין מײַן גאַנצער לעַנג, פעֶסט צוגעֶשמיִדט צו דעֶר ערד.

„וואָס וועט איצט זײַן מיט מיר? דערפֿרוירן צו ווערן האָב איך ניט מורא געהאַט: ס'איז שוין געווען נאָך די גרויסע פרעסט, די צרה אָבער, וואס דער טאָל קענעדי פלעגט ניט באַזוכט ווערן פון מענשן, אויסער די האָלץ-העקער אין ווינטער, קיינער האָט ניט געוואוסט וואוהין איך בין געפֿאָרן און אויב איך וועל זיך ניט באַפֿרײַען אליין וועט מיר אויסקומען אומקומען פון וועלף אָדער שטאַרבן פון הונגער.

אזוי בין איך געלעגן, די בלוט-רויטע שטראַלן פון זון מײַנען פאַרגאַנגען הינטער דעם זומפּ אויף מערב זײַט פון דעם טאָל. א קלײַן סטעפּן-לערכע האָט אָנגעהויבן צו זינגען איר ירעלע זיצנדיק אויף דעם נאָנטסטן שטרויך, ווי זי פלעגט נגען אלע טאָג בײַ די טירן פון אונזער וואוינונג.

די האנט האָט אָנגעהויבן וויי צו טאָן בײַזן אַקסל, א טויע קעלט איז מיר באַפֿאַלן, פונדעסטוועגן האָב איך נאָך באַאַכט די לאַנגע פעדערן, וואָס האָבן באַפוצט דעם לערכעס יערן. דערנאָך זײַנען מײַנע געדאַנקען אוועקגעפֿלויגן צום האַרקן אוונט טיש פון רייט גארדאן. איצט, האָב איך געטראַכט, לכט מען דז"ש... איצט זעצט מען זיך שוין צום טיש...

מײַן פערד איז נאָך אלץ געשטאַנען דאָרט, וואו איך האָב ז געלאָזן שטיין און האָט אויף מיר געדולדיק געוואַרט. ער

האָט ניט געקאָנט פאַרשטיין, פאַר וואָס איך זוים מיר אזוי לאַנג, איך האָב אים א רוף געטאָן. ער האָט אויפגעהערט צו צופּן די גראָז און האט א קוק געטאָן אויף מיר מיט א שטומער פראגע אין די אויגן. ווען ער וואָלט א היים געלאָפן! דער לאַדיקער זאָטל וואָלט שוין דערקלערט, אַז מיט מיר איז עפּעס א סכּה. מ׳וואָלט מיר שוין געווים צו הילף געקומען. דער געטרייער פערד, האָט שטריינג פאַרשטאַנען זיין פליכט. א שעה נאָך א שעה איז פאַרביי, מיין פערד האָט אויף מיר געוואַרט און איך בין אויסגעגאַנגען פאַר הונגער און קעלט.

דערנאָך האָב איך זיך דערמאָנט, ווי ס׳איז פאַרבלאָנדזשעט געוואָרן אין וואלד דער אלטער יעגער זשירו ערשט אין א יאָר ארום האָבן זיינע חברים געפונען זיין סקעלעט מיט אן איינגעקלעמטן פוס אין קאפקאן. איך האָב געוואָלט טרעפן, וועלכע טייל פון מיין קליידונג וועט העלפן מיך צו דערקענען. דערנאָך איז מיר איינגעפאַלן א נייער געדאַנק: „פונקט דאָסזעלבע מוז דאָך פילן א וואָלף, ווען ער פאַלט אריין אין א קאַפקאַן!“

אָ וויפיל צרות איך האָב שוין פאַרשאַפט אַנדערע אויף מיין לעבן! איצט איז געקומען די שעה פון געררעכטן שטראָף.

לאַנגזאַם איז צוגעפאַלן די נאַכט, ערגיץ ווייט האָט גע-

וואיעט א וואָלף... דער פערד האָט אָנגעשפּיצט די אויערן און האָט זיך דערנענטערט צו מיר א־אָפּלאָזנדיק דעם קאָפּ.

איצט האָט שוין געוואיעט אַ צווייטער וואָלף, דערנאָך א דריטער און איך האָב פאַרשטאַנען אַז זיי קלייבן זיך ערגיץ אין דער נאָנט. איך בין געלעגן מאַכטלאָז אויסגעצויגן אויף דער ערד און האָב זיך אַליין געפרעגט, צו האָב איך ניט פאַרדינט זיי זאָלן מיר צוריסן אויף שטיקער. איך האָב געהערט זייער וואָיען און איך האָב נאָך אַלץ ניט באַמערקט, אַז נעבן מיר דרייען זיך טונקעלע נעפּלדיקע געשטאַלטן. דער פערד האָט זיי באַמערקט אין זיין שנאָרכן האָט זיי פאַריאָגט אויף אַ רגע. באַלד האָבן זיי זיך דערנענטערט אויפסניי און האָבן זיך אויסגעזעצט אויפן טאָל.

איינער פון זיי, א מער דרייסטערער, איז צוגעגאַנגען צו זיין דערה־געטן קרוב און האָט זיך גענומען צו אים. איך האָב א געשריי געטאָן. ער איז אוועק מיט אַ בריקן. דער פערד איז אין שרעק אָפּגעשפּרונגען אָן א זייט. באַלד איז דער וואָלף צוריקגעקומען מיט נאָך צוויי, דריי אַזעלכע. זיי האָבן אַוועקגעשלעפּט דעם פּגר און האָבן אים גלייך אויפגעפרעסן. דערנאָך זיינען זיי צוריקגעקומען, האָבן זיך ארומגעשטעלט אַרום מיר און א־יינגעקוקט מיר אין פּנים מיט חוצפּהדיקע העזות. איין וואָלף האָט אַרומגעשמעקט מיין ביקס און האָט עס באַשמוצט. אמת, ער איז גלייך אוועק, ווי נאָר איך האָב אים דערלאַנגט אַ קלאַפּ מיט מיין פרייער פוס.

וואָס שוואַכער איך פלעג ווערן—אַלץ חוצפהדיקער זײַנען געוואָרן די חיות. זייער אָנפירער איז אזוי נאָנט צוגעגאַנגען צו מיר, אז ער האָט מיר געבראָמט גלייך אין פּנים. אלע וועלף האָבן אָנגעהויבן צו וואיען און האָבן זיך געשפּאַרט אַרום מיר.

איך האָב זיך געגרייט צום געדאַנק אז אין א ווײַלע אַרום וועלן די צוביושעוועטע חיות מיך צורײַסן.

פּלוצלונג איז פון דער פינסטערניש אַרויסגעשפּרונגען א גרויסער שוואַרצער וואָלף. די וועלף זײַנען זיך צולאָפן, ווי בלעזעלאַך אויפן ווינט. געבליבן איז נאָר דער דרײַסטער. דער שוואַרצער ריז האָט אים אומגעוואָרפן און האָט אים דערוואָרגן.

דערנאָך— אַ שרעק איז מיר באַפאַלן—די גרויסע חיה האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויף מיר—און בינגא, מײַן געטרײַער בינגא, האָט זיך געריבן אָן מײַן אקסל מיט זײַן צושויבערטן קאָפּ און האָט געלעקט מײַן קאַלטן פּנים.

—„בינגא, בינגא, אלטער חבר, ברענג מיר דעם שליסל פון פאנג טירל"

ער איז גלײַך אוועק און האָט מיר געבראַכט מײַן ביקס, ווײַל ער האָט פאַרשטאַנען אַז דאָס איז דאָס נויטיקסטע, וואָס איך קען ברויכן.

—„ניין בינגא, דעם שליסלן!“

איצט האט ער מיר געבראכט מיין גארטל. סוף כל סוף האט ער מיר געבראכט דעם שליסל און האט אנגעהויבן צו דרייען מיטן ווייזל פאר גרויס שמחה, וואס ער האט געטראפן מיין מיין.

מיט גרויס מי האב איך אפגעשלאסן מיט דער פרייער האנט דעם פאל-טירל. דער קאפקאן האט זיך געעפנט איך האב באפרייט מיין האנט און אין א ווײַלע ארום בין איך שוין געווען פריי. בינגא האט צוגעפירט מיין פערד. איך האב געמוזט זיך פריהער אדורכשפאצירן א פאר מאל א הין און צוריק, איידער כ'האב געקענט ארויפשטייגן אויפן פערד.

מיר זײַנען אהיים געפארן פריהער לאנגזאם, דערנאך אין א שנעלן גאלאפ. בינגא איז געלאפן פאראויס מיט א הויכן נצחון-בילן.

אין שטוב האב איך זיך דערוואוסט, אז בינגא האט זיך דעם גאנצן אוונט מאדנע אויפגעפירט. אומרואיק געוואויקעט און האט ניט אויפגעהערט צו קוקן אויפן וועג. ווען ס'איז צוגעפאלן די נאכט, איז ער אוועק, ניט קוקנדיק, אויף אלע באמיהונגען

אים איינצוהאלטן, געפירט דורכן וואונדערבארן חוש, איז ער, געקומען פונקט צו דער צייט, כדי נוקם צו זיין זיך פאר מיר אין אויסצוליזן מיר פון מיין שווערער לאגע.

— טרייער, אָרימער בינגא, א מאָדנע בריאה ביזטו געווען!

— ער האָט מיך ליב געהאט, נאָר באַלד צומאָרגנס איז ער פארביי געלאָפן נעבן מיר, פונקט ווי ער וואָלט מיך ניט געזען, ער איז אוועק מיט רייטס קליינעם זון אויפן געיעג.

אזוי איז ער שוין געווען ביזן סוף. ער האָט זיך ניט געקענט אנטזאַגן פון די וועלפישע מדות צו פארצוקן יעדן פגר.

איינמאָל האָט ער געפונען א געפגרטע קי, אדער א פארסמטע. ער האָט זיך אנגעגעסן ווי א וואָלף נאָכדעם האָט ער דערשפירט די יסורים פון טויט. דאָס דערשפירנדיק, איז ער אַוועק ניט אהיים, נאָר צו מיר. צו דער טיר פון דער קליינער הייזל, וואו ער האָט געמיינט מיר צוטרעפן איז ער צוגעקראָכן.

דאָ האָב איך אים צימאָרגנס געפונען טויטערהייט אויפן שנייי. זיין קאָפ איז געלעגן אויפן שוועל פון טיר, וואו ער האָט פארבראַכט זיין יוגנט.

מיינער—טיף אין הארצן ביז אין טויט, האט ער געזוכט מײַן הילף אין דער שעה פון פאַרצווייפלונג, אין דער שעה פון טויט און יסורים און שרעק. ער האט זי אבער ניט געפונען.



4. בינגאָם טויט

# ביאליסטאקער פארלאג „דאס בוך“.

## ס'איז ארויס פון דרוק:


| | | |
|---|---|---|
| 1 | יעקב פאם. | משה (צווייטע אויפלאגע) |
| 2 | „ | יריחו „ „ |
| 3 | „ | גדעון „ „ |
| 4 | „ | יפתח „ „ |
| 5 | „ | שמשון „ „ |
| 6 | סאניע קאנטאר. | אין דער מלוכה פון מוראשקעס און שוואמען. |
| 7 | טאמפסאן-סעטאן | זילבערפלעק, א געשיכטע פון א קרא. איבערזעצט דורך סאניע קאנטאר. |
| 8 | „ | לאבא, דער קיניג פון קורומפא |
| 9 | „ | בינגא, א געשיכטע פון א הונט |
| 10 | „ | קיניגין אנאסטאלאן, א געשיכטע פון א קאץ. |
| 11 | „ | דער צעריסענער אויערל, א געשיכטע פון א האז. |
| 12 | „ | וואגלי, דער שעפסנהונט |
| 13 | „ | דער נאסן-זינגער, א געשיכטע פון א ווארעבײ |
| 14 | „ | מוסטאנג דער פאסנייער |
| 15 | „ | יאכים-בער |
| 16 | „ | דער זילבערנער פוקס |
| 17 | ר. קיפלינג. | דער קלײנער העלפאנד |
| 18 | „ | ווי אזוי דער לעמפערט האט באקומען פלעקן איבערז. פון ה. א |
| 19 | קאראלענקא | אין א לשון, איבערזעצט פון פסח קאפלאן |
| 20 | קוק און פירי | די אנטדעקונג פון געהיימען פאל. איבערז. פון קאמינקאווסקי |
| 21 | ס. מעטש | א מעת לעת אויפן אינזל צײלאן, איבערזעצט פון ז. גראס און |

## ס'דרוקט זיך:

| | | |
|---|---|---|
| 22 | לאווקין | ווי אזוי האט מען געבוים הײזער אמאל און הײנט |
| 23 | ס. מעטש | סאכארא |
| 24 | נעטשאיעוו | די אונטערערדישע פחות |
| 25 | טימאנדיע | די מארטירער פון דער וויסנשאפט |
| 26 | י. גארדין. | פ. לאסאל (ביאגראפיע) |
| 27 | לאנגערלויף | א רײזע אויף גענז |

## ס'גרייט זיך צום דרוק:

| | | |
|---|---|---|
| 28 | דיקענס. | דאמבי און זון |
| 29 | — | ראבינזאן קרוזא |
| 30 | בימשער סטאו | אנקל טאמס קעבין |
| 31 | בעלשע | דער ווילדער מענש |

מען באשטעלונגען זיך ווענדן:

**Białostockie Wydawnictwo „Książka“**

Białystok, ul. Sienkiewicza № 19.